וױלהעלם בוש

# דער שטיפּער משהל



פֿאַרײדישט פֿון טונקעלען

ווילהעלם בוש

# דער שטיפער משה'ל

יידיש

פון טונקעלען





פערלאג ברידער לעווין-עפשטיין און שותפים

1923 ווארשא



# משהלע דער שטיפער.

משהלס הויזלעך — אָפּגעטראָגן,
דאַרף מען גייַן דעם שניידער זאָגן.
איז דער שניידערל געקומען,
און אַ מאָס אַראָפּגענומען.
האָט דער שניידערל געמאַכט,
שייַנע הויזעלעך, אַ פּראַכט,
האָט זיי משהלע אָנגעצויגן
און איז פעלד אַוועקגעפלויגן.



שפּילט זיך משהלע אין פעלד,
יאָגט נאָך פייגעלעך און קוועלט.
לויפט ער הענדום-פּענדום גלייך,
לויפט, און פאַלט אַריין אין טייך.



ייט אַ פישער דאָרט פאַרביי,
הערט ער גוואַלדן: אַיי־אַיי־אַיי!
עמיץ טרינקט זיך ... כאַפּט ער גלייך
שפּרייט דאָס נעצל אויס אין טייך,
שלעפּט ער משהלען אַרויס
אויסגעווייקט, ווי ער איז גרויס,
אַ פאַרכלינטער, אַ נאַסער,
און עס כליאַפּעט פון אים וואַסער.



משהל־שטיפער פייכט און נאַס,
לויפט שוין ווידער דורכן גאַס,
און פאַרלויפט דאָרט צו אַ שכן,
צו אַנ׳איינבינדער פאַרקראָכן.
זעט ער -- ס׳שטייט אַנ׳עמער קל
קלערט ער ניט... און מניה־וביה
טוט ער זיך אַ זעץ אַריין,
קלעען זיך די הויזלעך איין.



האָט דער שניידער דאָס דערזעי,
וואָס מיִט משהלעי איִז געשעןְ,
כאַפּט ער גיִך אַ שער און — כיִק!
שניידט פֿון היִנטן אויס אַ שטיִק.




משהל־שטיִפּער לויפט שוין וויִדער,
טוט שוין וויִדער קיִדער־וויִדער,
און פאַרקריִכט צום שאָכן העסל
זעט ער האָניִק דאָרט א פעסל.
באַלד אַרויף מיִט הענט און פיִס,
לעקט פון פעסל האָניִק־זיִס.



לעקט ער האָניק זיך געשמאַק
און פאַרגעסט אָן האַק-און-פּאַק.
גליטשט דאָס בענקל זיך אַ וועק
און ר׳ משהל — אוי אַ שרעק!
פליט אין פעסל האָניק-אָפּ!
מיט'ן קאָפּ אין פאַס-אַראָפּ.



באָר אַ גֶס האָט דאָ געטראָפן:

שָׁכן בּער איז אָנגעלאָפן.

זעט ער — בּאַ דעם שכן העסל,

טאַרטשען פּיסלעך פון אַ פעסל.

שלעפּט ער משֶׁהלען אַרויס,

אויסגעשמירט, ווי ער איז גרויס.



שטייט ער משהלע אין הויף,
און דער האָניק טוט אים רינען
קומען אָן צו פליִען בינען
גאַנצע מחנות זיך צונויף,
בייסן שטעכן אָן רחמנות.



און אַ װײַטיק — אַ סכּנות!

און אַ הונט קומט אױף צוגײַן,

װײַל אױף אָפּלעקן אַ ביין.

לעקט און לעקט גאָר אָן אַנעק.

משהל יאָמערט אַזש פֿאַר שרעק.



אויף זיין יאָמער און געשריי:
לויפט מען אָן פון אַלע הויפן,
קומט די מאַמע אויך צולויפן,
זעט זי: — משהלע אוי, וויי!
כאַפּט אַ שעפל גיסט אים אָפּ,
פליוך! — פון אויבן ביז אַראָפּ.



כאַפּט אַ בעזעם נעמט אים ראַצן

שאָבן, סקראָבן, רייבן, קראַצן.

טוט אים רייניקן און וואַשן!

שרייט: דו וועסט שוין מער ניט נאַשן?!



קומט דער טאַטע אויף צוגײַן,
כאַפּט ער באַלד דעם בחור שײַן:
„שײַנער תּכשיט!“... און דער טאַטע
אויף דעם אָרט אַוווּ די לאַטע,
מיט אַ ריטל דין און פֿײַן,
צימבלט ער אַהין אַרײַן.

